# קאנסטיטוציאן

פון דער

# סעלצער

## אונטערשטיצונגס פעראיין



געגרינדעט אם 20טען פעברואר,

1901

ניו יארק

עלפענביין'ס פרינטינג און בוקס שאפ,
343 א. הויסטאן סט., נ. י.

# אינהאלטס - פערצייכניס.


| ארטיקעל | | זייטע. |
| --- | --- | --- |
| 1 | נאמען און צוועק | 1 |
| 2 | צ׳יכענס דעם פעראיינס | 2 |
| 3 | פפליכטען פון די מיטגליעדער | 3 |
| 4 | פערזאמלונגען | 4 |
| 5 | בעאמטע | 7 |
| 6 | נאמעניישאן אונד וואהל פיר בעאמטע | 9 |
| 7 | פפליכטע פון די בעאמטע | 11 |
| 8 | חברה קדישא | 18 |
| 9 | וועגען דאקטאר | 20 |
| 10 | פארשלעגע און אויפנאהמע פון קאנדידאטען | 22 |
| 11 | וועגען באלאטאזשע | 25 |
| 12 | קראנקען בענעפיט און שטיצע | 31 |
| 13 | טאדעס פעללע | 35 |
| 14 | וועגען שבעה | 37 |
| 15 | וועגען ענדוימענטס | |
| 16 | שטראפען | |
| 17 | פערשיעדענעס | |
| 18 | פארלאמענטארישע רעגעלען | |


# קאנסטיטושאן

ארטיקעל 1.

## נאמען און צוועק

§ 1. דיעזער פעראיין זאלל דעם נאמען "סעלצער אונטערשטיצונגס פעראיין" טראגען

§ 2. דיעזער נאמען קען קיינמאל ניט גיענדערט ווערען

§ 3 דיעזער פעראיין קען ניעמאלס צערשטערט ווערען, זאלאנג 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער ווילען זיא אויפהאלטען.

§ 4. אללע פערהאנדלונגען, וויא אויך בוכפיהרונג אין דיעזען פעראיין, זאלל אין דער אידישער שפראכע זיין

§ 5. דער צוועק פון דיעזען פעראיין איז: קראנקען-בענעפיט, שבעה-געלד, אונטערשטיצונגס אין פאלל פון נויטה, אין א טאדעס-פאלל, מיט קרקע און אללעס צו בעזארגען, לויט די געזעצע פון דיעזער קאנסטיטושאן, פיר מאן און פרוי ענדאומענט צו צאהלען.



§ 6. דיא איינקינפטע פון דיעזען פעראיין בעשטעהען אין קווארטאל ביטרעגע. צוויא דאללער מיט 50 סענט [$2.50] א קווארטאל, דערפאר איז יעדער מעמבער בערעכטיגט סינגיל צום דאקטאר, אויסער עקסטרא אויפלאגען, לויט דעם בעשלוס פון דעם פעראיין.

§ 7. דיא רעגולע ביטרעגע, קען ביא ספעשיעל מיטינג גיענדערט ווערען לויט דעם בעשלוס פון פעראיין

ארטיקעל 2.

## צייכענס דעם פעראיינס

§ 1. איין האממערשלאג רופט דיא מיטגליעדער צו ארדער

§ 2. צוויי האממערשלעגע. רופט דיא בעאמטע

§ 3. און דרייא האממערשלעגע רופט דיא מיטגליעדער. בייא דריי האממערשלעגע, מוזען זיך אללע מיטגליעדער אויפשטעללען.



ארטיקעל 3.

## פפליכטע פון דיא מיטגליעדער

§ 1. יעדער מיטגליעד פון דיעזען פעראיין מוז ביי׳ם ארייננקומען א קאנסטיטוציאן-בוך פון פעראיין קויפען, פרייז, לויט דעם בעשלוס פון פעראיין.

§ 2. יעדער מיטגליעד איז פערפפליכטעט דיעזען קאנסטיטוציאן - בוך צו לעזען און וויסען דיא געזעטצע פון פעראיין

§ 3. ניט וויסען דיא געזעצע איז אין קיין פאלל קיין פערטהיידיגונג.

§ 4. יעדער מיטגליעד, איז פערפפליכטעט צו בעזוכען דיא מיטינגען פון פעראיין און אימער צו גונסטען פון דעם פעראיין צו לייכטען.

§ 5, יעדער מיטגליעד, מוז אין דער צייט פון איינצאהלונג זיינע דיוס, וויא אויך טעקסעס און עקסטרא - אויפלאגען בעצאהלען

§ 6. יעדער מיטגליעד, איז פערפפליכטעט קאמיטעען צו אטענדען, לויט דיא אויפפארדערונג פון פרעזידענט, סעקרעטער אדער האספיטעלער

§ 7. אללעס וואס עס ווערט בײ די מיטינ־
גען פערהאנדעלט, מוז אין געהיים געהאלטען
ווערען.

ארטיקעל 4

פערזאמלונגען.

§ 1. רעגולע מיטינגען זאללען זאנטאג אבענד,
צוויי מאהל אין מאנאט שטאטפינדען.

§ 2. ספעשיל מיטינגען קענען בערופען ווערען
דורך דעם בעשלוס פון פעראיין און דורך דעם
פרעזידענט מיט 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער
ווען זיי געפינען עס פיר נויטהיג

§ 3. זיעבען (7) גוטשטעהענדע מיטגליעדער
ווען זיי געפינען פיר נויטהיג, קענען זייא אויפ־
פאדערען דעם פרעזידענט, צו פעררופען א ספע־
ציאל מיטינג.

§ 4. בײ א ספעציאל מיטינג, קען נור פער־
האנדעלט ווערען די זאך צו וועלכע דער מיטינג
איז בערופען געווארען, אויסער ווען עס גיבט
אזאך וואס איז זעהר נויטהווענדיג, קען מיט דער
צושטימונג מאיאריטעט פערהאנדעלט ווערען



§ 5. ווען די אנוועזענדע בײם מיטינג זייגען
ניט אין ארדער און זיטצען ניט אויף זייערע
פלעטצער, קען קיין זאך ניט פערהאנדעלט
ווערען.

§ 6. א בעשלוס וואס איז געפאסט געווארען
בײ איין מיטינג, קען בײ דעם זעלבען מיטינג
ניט גיענדערט ווערען.

§ 7. בײ איין אנדער מיטינג קען אויך א בע־
שלוס ניט צוריקגעצויגען ווערען, אויסער דורך
צוויי-דריטעל מאיאריטעט.

§ 8. בײא דעם מיטינג מוז פערהאנדעלט
ווערען אללע געשעפטען נאך דער רייהע, ווי
זיי זיינען אויסגעשטעלט אין טאגעס-ארדנונג.

§ 9. די מיטינגס פון דיעזען פעראיין זאלען
שפעטעסטענס אום אכט ( 8 ) אוהר אבענדס
ערעפענט ווערען.

§ 10. די לעטצטע 4 רעגולע מיטינגען פון
מאנאט מארטש, יוני, סעפטעמבער און דעצעמ־
בער זאללען גענעראל מיטינגס גערופען ווערען



§ 11. דריי מיטינגס בעפאר דעם אפלויף פון
יעדען קווארטאל, זאלל צוא יעדען מיטגליעד
נאטיס געשיקט ווערען, אין וועלכע עס זאלל
אנגעצייגט זיין אללע שולדען פון מיטגליעדער
און ערשטע איינצאהלונג גערופען ווערען.

§ 12. יעדער לעצטער מיטינג פין קווארטאל,
ד. ה. יעדער גענעראל מיטינג זאלל אויך לעצטע
איינצאהלונג זיין.

§ 13. בײא לעצטע איינצאהלונג מוז יעדער
מיטגליעד אללע זיינע שולדען, וויא: עקסטרא
אויפלאגען, טעקסעס, שטראפען, לויט וויא עס
איז אין די נאטיס אנגעציינט בעצאהלען, עס
זאלל קיינע ריקשטענדע פערבלייבען, ווען ניט
בעצאהלט איזט, איז ער ניט בערעכטיגט צו
קראנקען-בענעפיט, שבעה-געלד און ענדאומענטס
און דער סעקרעטער מוז דעם יעניגען א רע־
דושיסטרירטען בריעף שיקען און געבען צייט
ביז נעכסטען מיטינג, וועלכער ווערט שטרייך־
אבענד גענאנט, ווען בײא שטרייך אבענד ניט
בעצאהלט איז ביז ענדע מיטינג, ווערט ער אין



גאנצען געשטריכען און אויסגעשלאסען פון דער
מעמבער-ליסטע, זאגאר ווען דער סעקרעטער
האט נאך די ערהאלטונגס - קארד פון פאסט
ניט בעקומען.

§ 14. ווען א געשטריכענער מיטגליעד קומט
צום נעקסטען מיטינג וואס נאך דעם שטרייך -
אבענד און בעצאהלט זיינע שולדען, ווערט ער
אלס אלטער מיטגליעד אויפגענאמען. ער קען
אבער אין זא א פאלל, זיינע שולדען מיט קיין
צווייטע פערזאן ניט אבשיקען, נור ער מוז אליין
קומען צום מיטינג און אויך זיין אונטערשריפט
געבען, אז פאר דער צייט וואס ער איז געוועזן
געשטריכען, קען ער ק י י נ ע בענעפיטס ניט
מאהנען

ארטיקעל 5.

בעאמטע.

§ 1. די בעאמטע פון דיעזען פעראיין זיינען:
פרעזידענט, וויס-פרעזידענט, פראטאקאל און
פינאנס-סעקרעטערע, טרעזשורער, האספיטאלער
פיהרער, איננערע וואכע, דריי [3] טראסטיעס.

שמש און חברה־קדישא

§ 2. . איין מיטגליעד, וועלכער נאָך קיינע 6 מאָנאטהען צום פעראיין בעלאנגט, קען קיין עהרען - אמט בעקליידען, אויסער ווען עס גיבט קיין אַנדערער

§ 3. מיטגליעדער וועלכע בייא נאמינאציאן אָדער וואהל אבוועזענד זיינען אָדער אונטער א קלאגע שטעהען, קענען צו קיין אמט נאָמענירט אָדער ערוועהלט ווערען

§ 4. דיא בעאמטע וועלכע מוזען אָפט אָפי־ציעלע פאפיערען דעם פעראיינס אונטערשרייבען, מוזען זייער נאמען אין ענגליש שרייבען קענען.

§ 5. פיר פרעזידענט און וויים - פרעזידענט קענען נור ערוועהלט ווערען דיא יעניגע וועלכע האבען בעפאָר איין אמט שוין געהאט.

§ 6. א פרעזידענט קען מעהר וויא צווייא טוירמס איינע נאָך דיא אנדערע ניט דיענען, אויסער ווען עס גיבט קיין אַנדערער

§ 7. אללע בעאמטען ווערען אויף (6) זעקס



מאָנאטען ערוועהלט.

ארטיקעל 6.

נאמינאציאן און וואהל פיר בעאמטע

§ 1. נאמינאציאן און וואהל פיר בעאמטע זאָלל צווייא מאהל אין יאהר שטאטפינדען, נעהמליך: אין מאָנאט יוני און דעצעמבער

§ 2. צוויי מיטינגס בעפאָר דיא וואהל, זאָלל ערשטע און צווייטע נאמינאציאן זיין אונד אין דעם מיטינג פון וואהל, זאָלל דריטע נאָמינאציאן זיין.

§ 3. יעדער מיטגליעד איז בערעכטיגט צוא נאמינירען איין קאנדידאט פיר יעדען אמט

§ 4, דיא בעאמטע זאָללען דורך שטימצעטיל און דורך דיא מאיאריטעט ערוועהלט ווערען.

§ 5. בייא ערעפנונג דיא וואהל זאָלל דער פרעזידענט צווייא שטים־טעללער ערוועהלען און דער וויים-פרעזידענט איינעם. דיא שטים־טעללער זאָללען אויפפאסען אז דיא וואהל זאלל אין אָרדנונג און עהרליך צוגעהען.

§ 6. יעדער מיטגליעד קען נאר איין שטים־



צעטעל געבען פיר זיך, פיר א צווייטען האט קיינער קיין רעכט צו שטימען.

§ 7. שריפטליכע שטימען ווערען אויך ניט אנגענאמען.

§ 8. ווען צווישען צוויי קאנדידאטען איז קיין מאיאריטעט ניט דוא, ד. ה., ווען זייא האבען גלייכע שטיממען, מוז מען פיר דיא זעלבע א צווייטען מאל שטיממען, ווען אבער צום צווייטען מאל גיבט עס אויך קיין מאיאריטעט, זאלל א שטיך־וואהל ד. ה., א גורל שטאטט־פינדען.

§ 9. אין דעם נעכסטען מיטינג נאָך דער וואהל, ווען עס ווערט געגען דיא וואהל קיינע קלאגעס אדער פראטעסטען געבראכט, זאלל אינסטאליישאן פון דיא נייע בעאמטע שטאט־פינדען.

§ 10. ווען אבער עס קומען פאר פראטעסטען געגען דער וואהל, איז עס פיר דיא מיטגליעדער צו פערהאנדלען.



ארטיקעל 7.

פפליכטע פון דיא בעאמטע.

§ 1. בעפאר אינסטאליישאן, מוזען אללע בע־אמטע זייערע שולדען לויט דער פינאנס־סעק־רעטער גיבט אן, אין גאנצען איינצאהלען, זאנסט קענען זיי אין אמט ניט איינטרעטען.

§ 2. אללע בעאמטע וועלכע האבען בייא דיא מיטינגען צו אטענדען, מוזען דיא ערשטע צום מיטינג קומען, ניט שפעטער אלס 8 אוהר.

§ 3. יעדער בעאמטער ווען ער פערלאזט דעם לאקאל אין צייט פון מיטינג מוז דעם פרעזידענט מעלדען.

§ 4. דער פרעזידענט זאלל בייא אללע פער־זאמלונגען זיין דער פארזיצענדער, אונד זאלל אכטונג געבען אז אללע פערהאנדלונגען, וועלכע קומען פאר, זאללען פערהאנדעלט ווערען אין א געזעצליכען, אונפארטייאישען, רוהיגען אונד ארענטליכען וועג, אונד זאלל זעהען אז אללע בעאמטע אונד קאמיטען זאללען טריי ערפיללען זייערע פפליכטען, און זאלל בעזעצען דיא שטעלען

ווען בעאמטע זיינען אבוועזענד; ער אונטער־
צייכענט אללע אנווייזונגען צום טרעזשורער, וויא
אויך אללע אנדערע אפיציעלע דאקומענטען; ער
פאסט־אויף אויף אללע אבשטימונגען, וואהלען
און באלאטאזשען, אויך האלט ער אללע באנק־
ביכער און דאקומענטען פון פעראיין אין זיכער־
הייט; ער דארף ניט נעהמען קיין אנטייל אין דיא
דעבאטען, זאלאנג ער איז פארזיצענדער; ער זאלל
דיא ארדנונגס־פראגען ענטשיידען; ער זאלל ביי
שטימען ־ גלייכהייט דיא ענטשיידענע שטימע
האבען, אויך האט ער דאס רעכט צוא יעדער
צייט דיא ביכער פון פעראיין צו אונטערזוכען;
ווען ער ווערט בענאכריכטעט אז א ברודער איז
קראנק, זאלל ער איהם איין מאל וועכענטליך
בעזוכען; דער פרעזידענט זאלל בערעכטיגט זיין
דיא מאיאריטעט פון אללע קאמיטעען צו אפוינ־
טען, און ווען דער וויים־פרעזידענט שלאגט פאר
א קאנדידאט זאלל דער פרעזידענט דיא פוללע
קאמיטעע ערוועהלען; ער מעג און דארף בע־
שטראפען מיטגליעדער פיר אונגעזעצליכע האנד־



לונגען און דארף קיינע אונגעזעצליכע פארשלעגע
פון קיינעם ניט אננעהמען.

§ 5. דער וויים־פרעזידענט איז דער שטעל־
פערטרעטער פון פרעזידענט אין זיין אבווע־
זענהייט. ער זאלל דעם פרעזידענט אין אללע
זיינע פערהאנדלונגען בעהילפיג זיין, און זאלל
עס אויך אויפמערקזאם מאכען ווען יענער האנ־
דעלט ניט גזעצליך; ער זאלל אפוינטען דיא
מינאריטעט פון אללע קאמיטעען, און ווען דער
פרעזידענט שלאגט פאר א קאנדידאט, זאלל ער
דיא פוללע קאממיטטעע ערוועהלען; קראנקע
ברידער זאלל ער אויך איין מאהל א וואך בעזוכען;
ער איז אויך פארזיטצענדער פון דער פינאנס ־
קאממיטטעע.

§ 6. דער פראטאקאל ־ סעקרעטער זאלל א
גענויען, אונפארטייאישען פראטאקאל איבער דיא
פערהאנדלונגען פון פעראיין פיהרען, אהנע קיין
זאך צוא־זעצען אדער אויסשליסען. ער ברויכט
דעם פראטאקאל פון לעטצען מיטינג פארצולעזען
און מאכען א טאגעס ־ ארדנונג און איבערגעבען



דעם פרעזידענט, פארשלעגע פיר נייע קאנדי ־
דאטען פארנעהמען אונד קאממיטטעע בעריכטען
פארצולעזען; צום שלוס פון יעדען קווארטאל,
זאלל ער אויסמאכען א ליסטע פון דיא ברידער,
וועלכע זיינען וועהרענד דעם קווארטאל שטרא ־
פירט געווארען, אונד זאלל עס איבערגעבען צום
פינאנס־סעקרעטער; ער זאלל ביי דער פירטעל־
יעהרליכער פינאנס אברעכנונג אנוועזענד זיין.

§ 7. דער פינאנס סעקרעטער האט דיא ביכער
פון פעראיין אין ארדנונג צוא ערהאלטען, דיא
ברידער דורך פאסטאל־קארדס צו דיא מיטינגען
בערופען; בייא דיא ערשטע איינצאהלונג צוא
אללע מיטגליעדער נאטיס אין פערמאכטע בריעף
ארויסשיקען און בייא דיא לעצטע איינצאהלונג
איין אריער־ליסטע פארלעזען אונד רעדזשיסט־
רירטע בריעף צוא דיא יעניגע וואס האבען ניט
איינגעצאהלט ארויס־שיקען; בייא שלוס יעדען
מיטינג איינ־גאהמע אונד אויסגאבע פארלעזען;
אללע געלדער נעהמען אונד דעם טרעזשורער
איבערגעבען; יעדע: קווארטאל א דאקטאר-ליסטע



צום פעראיי'ם ־ דאקטאר אריין שיקען; אין
א טאדעס ־ פאלל, מוז ער אללע מיטגליעדער
דורך פאסטאל ־ קארדס צו דער לויה בערופען,
וויא אויך שבעה קאממיטעען שיקען; ער זאלל
יעדען קווארטאל האבען א פערטיגען פינאנס־
בעריכט. ער מוז אויך צו יעדער צייט, ווען א
פינאנס ־ קאמיטעע פערלאנגט, לאזען אונטער־
זוכען דיא ביכער; ער זאלל בייא דיא פער־
זאממלונגען אללע צושריפטען פארלעזען, אונד
אנווייזונגען צום טרעזשורער אויסשטעללען און
אונטערצייכנען.

§ 8. דער טרעזשורער בעפאר ער זיין אמט
איבער ־ נעהמט, מוז סעקיורימי געבען לויט
דעם בעשלוס פון פעראיין; אללע געלדער פין
פינאנס ־ סעקרעטער נעהמען אונד נאך דיא
אונטערשריפטען פון פרעזידענט און סעקרעטער
אללע שולדען פון פעראיין צאהלען. ווען א
סומע פון איבער זיין סעקיורימי ביים טרעזשורער
אין האנד פערבלייבט, זאלל ער עס מיט דיא
צושטימונג פון דיא מיטגליעדער צו דיא טראס־

טיעס איבערגעבען, זייא זאללען מיט איהם צו־
זאמען אין באנק אויף דעם באנק־בוך פון פער־
איין דעפאנירען; ווען דער טרעזשורער ביים
מיטינג אבוועזענד איז, זאלל דער פרעזידענט
דיא איינגענאמענע געלדער איבערנעהמען אונד
נאכהער דיא רעכנונגען מיט דיא געלדער איהם
איבערגעבען, דער טרעזשורער זאלל קריגען
סאלערי 1 דאללאר א יאהר.

§ 9. דעם האספיטעלערס פפליכטען זענען:
ווען א מיטגליעד מעלדעט זיך קראנק, מוז ער
איהם באלד בעזוכען און א קראנקען־קארד
ארייגטראגען, ער מוז באלד דעם פרעזידענט און
וויים - פרעזידענט מעלדען. זייא זאללען דעם
קראנקען ברודער בעזוכען, און נאכהער מוז דער
האספיטעלער צו איהם שיקען קאמיטעס אללע
טאג נאך דער רייהע, און יעדער קאמיטע-מאן ווי
אויך דער האספיטעלער, פרעזידענט און וויים־
פרעזידענט מוזען אויף דער קראנקען - קארד
אונטערשרייבען; ווען א מיטגליעד קראנק איז
אויסער דער שטאדט נויארק, ווא עס קאסט נור



10 סענט חיזע פין און צוריק, מוז איהם דער
האספיטעלער אללע טאג קאמיטעען שיקען,
און ווען ביז 30 סענט פין און צוריק, בלויז דריי
קאמיטעען אין וואך; ווען א מיטגליעד אין
האספיטאל קראנק ליגט, מוז איהם דער האספי־
טעלער אין יעדען וויזיט-טאג א קאמיטע שיקען

§ 10. דיא טראסטיעס דארפען אויפפאססען
און אבהיטען דאס אייגענטהום פון פעראיין,
ווייא אויך האלטען א בוך אין וועלכען יעדע
זאך וואס בעלאנגט צום פעראיין זאלל פער־
שריבען ווערען; זיי האבען אויך צוזאמען מיט
דעם טרעזשורער צו דעפאנירען אין און ציהען
פין דיא בענק געלד לויט דעם בעשלוס פין
פעראיין, זיי מוזען אויספאלגען דיא פאדערונגען
פון פרעזידענט און מוזען ארדנונג בייא דיא
מיטינגען האלטען.

§ 11. דער פיהרער איז פערפפליכטעט דיא
באללאט־באקס פאר־צו־בריינגען און אללעס
וואס צום באללאטירען אנבעלאנגט מיט־צו־
העלפען און אויך נייע קאנדידאטען אריינפיהרען



און פאר דיא בעאמטע און ברידער פארשטעלען

§ 12. דער איננערע וואכע מוז דעם איינגאנג
פון לאקאל בעוואכען און בייא יעדען אריינ־
קומענדען דאס פאסיר־ווארט [ אויב אזעלכעס
עקזיסטירט ] פרעגען, ער טהור קיינע פרעמדע
אין לאקאל ניט אריינלאזען אהנע דיא ערלויבניס
פון דיא ברידער, אוועקגעהען פון אריינגאנג
אהנע דיא ערלויבניס פון פרעזידענט, איז איהם
ניט ערלויבט.

§ 13. דער שמש האט בייא יעדען טאדעס־
פאלל, אללעס וואס צו בעערדיגען בעלאנגט צו
בעזארגען און א רעכנונג פון דיא קאסטען צום
פינאנס־סעקרעטער איבערגעבען, זיין געהאלט
איז נאך דעם בעשלוס פון פעראיין.

ארטיקעל 9.

חברה קדישא.

§ 1. דיא חברה קדישא איז א בעזאנדער
עלעמענט צוזאמענ־געשטעלט פון 17 טיכטיגע
פערזאנען פון דיא ברידער פון דער פעראיין,
געגרינדעט ביי אין אפענעם פעראיין פערזאמלונג



דעם 25־טען נאוועמבער. יאהר 1906. דיא
חברה קדישא ברויכט פין איהר מיטטע, יעדען
מיז פסלין צווייא גבאים ערוועהלען, וועלכע
זאללען בייא א טאדעס־פאללע, ר״ל, אויפ־
פאבען אונד זיין דיא העגוויזער, זויא־ אזוי
מיט אללעס אנצוגעהען. דיא חברה קדישא האט
צו אטענדען זויא פאלגט: ווען א טאדעס־פאלל
פון א מיטגליעד, זיין פרויא אָדער א קינד פין
צעהן יאהר אונד ווייטער, ר״ל פאסירט, מוזען
זייא אללע אם פלאטץ זיין אונד אטענדען צום
בר־מנן, נאך דעם אידישען דין אונד מנהג. זיי
מוזען זיין ביי דער טהרה, חלבשה און אויך ביי
דער קבורה. אונד ווען נויטיג איז, בערופען די
מיטגליעדער צו דער לויה.

§ 2. ווען א פרויא ח״ו שטארבט, מוזען זיי
בעזארגען ווייבער וועלכע זאללען זיך עוסק זיין
מיט דער טהרה אונד הלבשה און אללעס וואס

נויטיג איז.

§ 3. ביי יעדען טאדעס־פאלל. מוזען זייא אליין זיין, זייא קענען קיינע אנדערע אויף זייער פלאטץ דינגען.

§ 4. צוא ט״ז כסליו, מוז זייא דיא פעראיין געבען 25 דאללער פון איהר קאססע, אונד פיר דעם טאג וואס זייא זענען זיך מתעסק ביי א בר־מנן, זאללען זיי 5 דאלער פיר עקספענסים בעקומען, און דיא פושקע געלד בעלאנגט אויך צו דער חברה קדישא.

ארטיקעל 9.

## וועגען דאקטאר.

§ 1. דער פעראיין זאלל האבען א דאקטאר, וועלכער זאלל אין צייט פון וואהל פיר בעאמטע, דורך דיא מאיאריטעט פון דיא מיטגליעדער ערוועהלט ווערען.

§ 2. יעדער מיטגליעד מוז בעלאנגען צום דאקטאר סינגעל, פרייז לויט דעם אגרימענט.

§ 3. ווער עס וויל בעלאנגען פאמיליע, מוז



באהלען מעהר, לויט ווי דער אגרימענט לויטעט

§ 4. דער דאקטאר פון פעראיין איז פער־פפליכטעט יעדען קראנקען מיטגליעד, זיין פרוי און קינדער [ אויב זייא בעלאנגען פאמיליע ] צו אטענדען פריי.

§ 5. דער דאקטאר איז פערפפליכטעט צוא יעדער מיטינג צושטעלען א דאקטאר־אטעסט פיר דיא מיטגליעדער וואס זענען דורך דער צייט קראנק גיוועז. אויב אזעלכע איז דא.

§ 6. ווען א מיטגליעד אויסער דער שטאדט נויארק קראנק איז און ליגט צו בעט, איז, אויב עס קאסט ניט מעהר וויא 30 סענט רייזע פון און צוריק, מוז איהם דער פעראיין־דאקטאר איין מאהל אין וואך בעזוכען און פריי בעהאנד־לען.

§ 7. ווען אבער א מיטגליעד אויסער נו יארק וואהנט און ליידעט פון אויסערליכע קראנקהייט, צום ביישפיעל: א וואונד, א שניט אונד ד. גל. און קען געהען אין גאס, איז דער דאקטאר ני... פערפפליכטעט איהם צוא בעזוכען, נור דע...



קראנקער מוז צוא איהם איין מאהל אין וואך קומען.

§ 8. א מיטגליעד, וועלכער אויסער ניו יארק וואהנט, און ווערט פין איין אנדערען דאקטאר בעהאנדעלט, מוז דער דאקטאר־אטעסט פון יענעם דאקטאר, פין פעראיין־דאקטאר בע־שטעטיגט ווערען.

§ 9. דער פעראיין־דאקטאר איז אויך פער־פפליכטעט נייע קאנדידאטען און זייערע פרויען אונטערזוכען און דאקטאר-אטעסטען צושטעללען, פרייז פיר אונטערזוכען א קאנדידאט אדער א קאנדידאט און פרוי 1.00 דאלער

§ 10. אללע דאקטאר־אטעסטען מוזען פון דאקטאר פער פאסט צום סעקרעטער אדער אין פעראיין אריינגעשיקט ווערען.

ארטיקעל 10.

## פארשלעגע און אויפנאהמע פון קאנדידאטען

§ 1. יעדער קאנדידאט, מוז פין א מיטגליעד פון פעראיין פארגעשלאגען ווערען, עס מוז אנ־געגעבען ווערען יאהרען, וואהנונג, סינגעל אדער



פאמיליע, בעשעפטיגונג, געבורטס־שטאדט און וויא לאנג ער אין דיעזען לאנד איז, און 1 דאל. פארשלאגס־געלד מוז איינגעצאהלט ווערען.

§ 2. ווען א מיטגליעד שלאגט פאר איין קאנ־דידאט, מוז ער בעפאר זיך גוט נאכפרעגען און נאכפארשען וועגען דעם צושטאנד פון קאנדידאט, פיר אריינברענגען אין פעראיין אונפאסענדע פערזאנען, זאלל מען הארט בעשטראפט ווערען

§ 3. איין קאדידאט קען נור אויפגענאמען ווערען אין עלטער פין 20 ביז 45 יאהר, ווען עלטער פון 45 יאהר, לויט דעם בעשלוס פון פעראיין, און מוז צושטעללען א דאקטאר־אט־טעסט. ווען אינגער וויא 20 יאהר, זאלל ער אויף קיין פאלל ניט אויפגענאמען ווערען.

§ 4. קאנדידאטען וועלכע וואהנען אויסער ניו יארק און ברוקלין, זאללען ניט אויפגענאמען ווערען.

§ 5. א קאנדידאט וועלכער איז נאך וועניג־סטענס קיין 6 מאנאטען אין לאנד, זאלל ניכט אויפגענאמען ווערען.

§ .6 יעדער קאנדידאט מוז צור אידישער
רעליגיאן בעלאנגען און קערפערליך געזונד זיין,
זיין פאמיליע ד. ג. זאלל אין גוטען געזונדען
צושטאנד זיין, ער מוז אויך א גוטען כאראקטער
בעזיטצען און אנשטענדיג וויא אויך מאראליש
זיך אויפפיהרען.

§ .7 א קאנדידאט וועלכער בעשניידעט ניט
זיינע קינדער אדער האלט א פרוי פין א אנדער
גלויבען, אדער וועלכער הייראטעט ניט נאך
דעם אידישען רעליגיאן געזעט'ן, זאלל נישט
אויפגענאמען ווערען.

§ .8 ווען דער פארשלאג ליגט פאר, זאלל דער
פרעזידענט פרעגען, פיליכט איז יעמאנד דא־
געגען דעם פארגעשלאגענעם קאנדידאט, ווען
געגנער קומען פאר און צייגען אויף פאקטיש,
אז דער קאנדידאט איז אונפאססענד פיר דעם
פעראיין און דיא מיטגליעדער אנערקענען עס
פיר ריכטיג, זאלל דיעזער קאנדידאט ניט אויפ-
גענאמען ווערען.

§ .9 ווען אבער עס גיבען קיינע געגנער,



אדער דיא מיטגליעדער אנערקענען ניט דיא
געקסטען וועלכע דיא געגנער גיבען אן, זאלל
דער פרעזידענט און וויס-פרעזידענט א קאמיטע
פין 3 פערזאן ערוועהלען. דיא זאללען זיך ער־
קונדיגען וועגען קאנדידאט, זיין כאראקטער,
געזונדהייט אונד אויפפיהרונג אונד בייא דעם
נעקסטען מיטינג בעריכטען.

§ .10 ווען דיא קאמיטע אדער דיא מאיא־
ריטעט פין דער קאמיטע בעריכטען גינסטיג,
זאלל דער קאנדידאט באללאטירט ווערען.

§ .11 ווען דיא קאמיטע בעריכטעט גינסטיג,
קען דאס פארשלאגס געלד ניט צוריק געצויגען
ווערען.

§ .12 ווען אבער א קאנדידאט ווערט פער־
וויזען איבער דיא אורזאכען פין פעראיין, בע־
קומט ער צוריק זיין פארשלאגס־געלד.

ארטיקעל 11.

וועגען באלאטאזשע

§ .1 יעדער קאנדידאט מוז דורך א באללאט־
באקס מיט קוגלען באללאטירט ווערען, ווייסע



באללאטס מיינט: מען זאלל עס אויפנעהמען.
און שווארצע באללאטס מיינט: מען זאלל איהם
אבווייזען. אויב עס איז פיר דעם קאנדידאט
נור איין [ 1 ] שווארצע באללאט געפאללען,
בלייבט ער גינסטיג, אויב צווייא [ 2 ] איז ער
אין דער פראגע. אונד אויב עס איז פיר דעם
קאנדידאט ( 3 ) אדער מעהר שווארצע באל־
לאטס געפאלען, דאן איז דער קאנדידאט אב־
געוויזען פאר זעקס מאנאט, און זאלל זיין פאר־
שלאגס ־ געלד צוריק קריגען. ווען נאך דיא 6
מאנאט מען באלאטירט ווייטער אויף דעסזעלבען
אב־געשווארצטען קאנדידאט, אונד עס פאללען
ווייטער 3 שווארצע באללאטס, דאן הייסט דער
קאנדידאט אבגעוויזען אויף אימער.

§ .2 דיא אונטערזוכונגס־קאמיטע איז פער־
פליכטעט אונד אללע מיטגליעדער זענען בע־
רעכטיגט צו באללאטירען.

§ .3 יעדער מיטגליעד קען נור איין [1] באל־
לאטווארפען פיר זיך, אבער ניט פיר א
צווייטען; קיינע שריפטליכע שטימע פיר דעם



באללאט ווערט ניט אנגענאמען.

§ .4 ווען א מיטגליעד שפרעכט זיך אויס,
אז ער וועט א קאנדידאט שווארץ באלאטירען
אויס פערזענליכקייט אדער אנדערע אורזאכען,
איז יענער מיטגליעד ניט בערעכטיגט צו באל־
לאטירען.

§ .5 ווען מען ווייס אז איין מיטגליעד וויל
יעקאנטען שווארץ באללאטירען אויס א קאפריז
געגען דעם פעראיין, איז יענער אויך פין באל־
לאט פערוויזען.

§ .6 ווען א קאנדידאט געהט דורך דעם באל־
לאט גינסטיג, זאלל דער פרעזידענט ערוועהלען
צווי פערזאן, צו פיהרען דעם קאנדידאט אדער
קאנדידאט און פרוי צום דאקטאר פון פעראיין,
דער דאקטאר מוז דעם קאנדידאט אדער קאנ־
דידאט און פרוי אונטערזוכען און א דאקטאר־
אטעסט צוא שטעללען. ווען דער דאקטאר ־
אטטעסט לויטעט גינסטיג, קען דער קאנדידאט
איינגעפיהרט ווערען, דיא קאמיטע בריכט צו
מיטינג. אויף דיא צווייטע זייטע פון אטטעסט,

דאקטאר־קאסטען בעצאהלט דער קאנדידאט.

§ 7. ווען א קאנדידאט ברויכט איינגעפיהרט צו ווערען און מעלדעט זיך ניט צום איינפיהרען ביז דעם 4טען מיטינג פון דער צייט וואס ער איז באללאטירט געווארען, איז זיין פארשלאגס־געלד פערלארען, אונד ווען ער וויל נאכהער אריינקומען, מוז ער זיך אויף דאס נייא פאר־שלאגען אונד איין אנדער דאקטאר ־ אטטעסט צו שטעללען.

§ 8 ווען אבער דערזעלבער ציינט אן געוויסע אורזאכען דורך וועלכע ער האט ניט געקענט קומען, איז ער בערעכטיגט אין פעראיין אריינ־צו־קומען ביי דעם נעקסטען מיטינג, נור איין אונטערזוכונגס ־ קאממיטע מוז נאך א מאהל געשיקט ווערען.

§ 9. א פערהייראטעטער קאנדידאט וועלכער האט זיין פרוי היער, מוז מיט דער פרוי ביים דאקטאר אונטערזוכט ווערען אונד פיר ביידען א דאקטאר ־ אטטעסט צו שטעללען, ווען דיא פרויא איז אונגינסטיג, קען דער מאן אויך ניט



אריינקומען.

§ 10. ווען איין מיטגליעד הייראטעט אדער ברענגט זיין פאמילי פון אייראפ אדער אירגענד וועלכע אנדער לאנד אדער שטאדט, מוז דיא פרוי ביים פעראיין דאקטאר אונטערזוכט ווערען און א דאקטאר ־ אטטעסט צו שטעללען, ווען עס ווערט פיר דער פרוי קיין דאקטאר־אטטעסט צו געשטעללט אדער דער דאקטאר געפינט זיא פיר אונגינסטיג, איז, אויב ער האט קינדער, בעלאנגט ער צום פעראיין מיט דיא קינדער און זיא זענען צוא אללעס בערעכטיגט לויט דיא געזעטצע פון דיעזע קאנסטיטוציאן, דיא פרויא אבער איז אין א טאדעס־פאלל נור בערעכטיגט צו קרקע, אבער ניט צוא קיינע עקספענסעס, אונד דער מאן בעקומט אויך פיר איהר קיין ענדוימענטס.

§ 11. ווען א מיטגליעד ברענגט בלויז קינדער פון אייראפא אדער אירגענד וועלכע אנדער לאנד אדער שטאדט, אדער ווען דער מיטגליעד קומט צריין אין פעראיין האט ער קיין פרויא בלויז



קינדער, בעלאנגען דיא קינדער צום פעראיין און זייא זיינען צו אללעס בערעכטיגט לויט דיא געזעטצע.

§ 12. ביים אזעלכע פעללע וויא אין פארא־גראף 10 און 11 געשריעבען איז, מוז עס פרא־טאקאלירט ווערען, אז ער בעלאנגט צום פער איין בלויז מיט דיא קינדער.

§ 13. ווען א מיטגליעד הייראטעט א צווייטע פרויא, וועלכע האט קינדער פון ערשטען מאן, איז, אויב דיא פרויא ברענגט איין דאקטאר ־ אטטעסט און בעלאנגט צום פעראיין, בעלאנ־גען אויך איהרע קינדער אונד זענען צו אללעס בערעכטיגט, לויט דיא געזעטצע. ווען א מעמ־בער הייראט א פרוי, וועלכע זיא האט קינדער פון ערשטען מאן און דיא קינדער געפינען זיך ניט אין געזונדען צושטאנד, קען זיא אין סא־סייעטי נישט אריינקומען.

§ 14. ווען ביים א מעמבער איז געשטארבען זיין פרוי און זיא איז בעערדיגט געווארען אויף דער סעמעטערי פון פעראיין און ער הייראטעט



א צווייטע מאהל אונד ער וויל אריין פיהרען דער צווייטער פרויא, מוז ער בעצאהלען לויט דעם בעשלוס פון פעראיין אונד אויך, איז ער ניט בערעכטיגט צו א צווייטע קאפשטייער

§ 15. א יעדער קאנדידאט מוז ביים אריינ־טרעטען 1 דאלער איינטריטס ־ געלד און אויך פיר א קאנסטיטושאן־בוך אין קעש איינצאה־לען און 2 דאל. פיר קרקע, וועלכעס זאלל צו־בעצאהלט ווערען אויף 4 קווארטאלען.

ארטיקעל 12.

קראנקען בענעפיט און שטיטצע.

§ 1. ווען א מיטגליעד, וועלכער בעלאנגט שוין צום פעראיין 6 מאנאטען, קראנק איז און קען זיין ארבייט ניט טהון אדער זיינע געשעפטען פיהרען, בעקומט ער קראנקען ־ בענעפיט.

§ 2. קראנקען ־ בענעפיט זאלל געצאהלט ווערען 8 וואכען צוא (5) פינף דאלער א וואך און 5 וואכען צוא (2) צוויי דאל. א וואך.

§ 3. נישט־ליידענדע קענען בעקומען שטיצע צוויי מאהל אין יאהר, לויט דעם בעשלוס פון

פעראיין.

§ 4. א מיטגליעד וועלכער האט אין פער־לויף פין א יאהר געקריגען אויסגעצאהלט קראנ־קען-בענעפיט פיר פאללע 8 און 5 וואכען לויט וויא אין פאראגראף 2, איז מעהר ניט בערעכ־טיגט צוא קיינע שטיטצע, אויסער ווען זעהר נויטהווענדיג איז, לויט דעם בעשלוס פין דער פעראיין.

§ 5. דער קראנקער מיטגליעד, מוז מעלדען צום האספיטיילער אז ער איז קראנק, און דער האספיטעלער מוז איהם טענדען, לויט וויא אין ארטיקעל 7 פאראגראף 9 אנגעצייגט איז.

§ 6 ווען א מיטגליעד ליידעט ח״ו פון כראָ־נישע קראנקהייט, זאלל דער פעראיין זעהען פיעל מעגליך איהם צו בעזארגען.

§ 7. אום צו בעקומען קראנקען ־ בענעפיט, מוז פון פעראיין־דאקטאר א דאקטאר־אטטעסט צוגעשטעללט ווערען פיר דער גאנצער צייט וואס דער מיטגליעד איז קראנק געווען, אונד ווען דאס קראנקען־קאמיטעע בעריכטעט אויך



אז ער האט איבער זיין קראנקהייט, פון זיין ארבייט אדער בעשעפטיגונג געמטאאט, קריגט ער אויסגעצאהלט קראנקען־בענעפיט פון דעם טאג וואס ער האט געמאלדען צום האספיטע־לער ביז דער צייט וואס דער דאקטאר־אטעסט ריכטעט, פיר וועניגער וויא א וואך, קריגט מען ניט קיין בענעפיט.

§ 8. ווען א מיטגליעד אויסער נויארק קראנק ווערט, און דער פעראיין־דאקטאר בעזוכט איהם איין מאהל אין וואך, אדער ווען ער קראנק איז אויף איבערליכע קראנקהייט אונד ער קומט צום פעראיין ־ דאקטאר בלויז, איין מאהל אין וואך, אזוי וויא אין ארטיקעל 10 פאראגראף 6 אבער אנגעצייגט איז, מוז ער צושטעללען א דאקטאר ־ אטטעסט פון דעם דאקטאר וואס בעהאנדעלט איהם, און דער פעראיין דאקטאר מוז עס בעשטעטיגען.

§ 9. ווען א מיטגליעד פעררייזט ווייט פון נויארק און ווערט דארט קראנק, האט ער דעם פעראיין צו מעלדען אונד א דאקטאר־אטטעסט



פון דעם דאקטאר וואס בעהאנדעלט איהם צו־צושטעללען, דער דאקטאר־אטטעסט מוז אבער פון א נאטארי־פובליק בעשטעטיגט זיין, דא־קריגט ער זיין קראנקען־בענעפיט אויסגעצאהלט

§ 10. א מיטגליעד, וועלכער האט זיינע שולדען בייא דיא לעטצטע איינצאהלונג נישט איינ-געצאהלט, איז נישט בערעכטיגט צוא קראנקען־בענעפיט.

§ 11. דער נאך קיינע 6 מאנאטען אין פער־איין בעלאנגט, איז אויך צו קראנקען־בענעפיט נישט בערעכטיגט, קאממיטעען אבער מוז מען איהם שיקען.

§ 12. דער וואס פון אונמאראלישע קראנק־הייט ליידעט, בעקומט נישט קיין קראנקען־בענעפיט.

§ 13. אויטסיידיגע פערזאנען, וועלכע בע־לאנגען ניט צום פעראיין, זאללען פין קאססע פון פעראיין ניט אונטערשטיצט ווערען, אויסער ווען עס איז זעהר נויטהווענדיג אונד מיט דיא צושטימונג פון צוויי־דריטעל מאיאריטעט.



ארטיקעל 13.

טאדעס ־ פעללע.

§ 1. יעדער מיטגליעד. זיין פרוי, [ אויב זיא בעלאנגט צום פעראיין ] זיינע קינדער: א זאהן ביז 21 יאהר אלט און א טאכטער ביז זיא פער־הייראטעט איז, זיינען אונטער דעם שוטץ פון פעראיין אונד אין א טאדעס־פאלל, ר״ל, זענען זייא בערעכטיגט צו קרקע און אללע קאסטען, א זאהן אבער, עלטער פון 21 יאהר אדער א טאכטער ווען פערהייראטעט, זיינען ניט בע־רעכטיגט צוא קיין זאך און אויך ניט צו קרקע.

§ 2. בייא א טאדעס־פאלל, ר״ל, האט דער פעראיין צו בעזארגען וויא פאלגט:

פיר א קינד ביז 3 יאהר אלט, מוז דער פער־איין בעזארגען מיט א קאר אונד אללע איב־ריגע קאסטען.

פון 3 ביז 6 יאהר. מיט א קאר אונד אללע איבריגע קאסטען.

פון 6 ביז 12 יאהר, מיט א טויטען ־ וואגען און אללע איבריגע קאסטען.

פין 12 ביז 21 יאהר, מיט א טויטען וואגען,
קעררעדזש און אללע איבריגע קאסטען.

§ 3. ווען א מיטגליעד ר״ל שטארבט, ברויכט
דער פעראיין געבען א טויטען־וואגען אונד 2
קעררעדזשעס, 1 פיר דער פאמילי און איינעם פיר
דיא חברה קדישה און אללע איבריגע קאסטען.

§ 4. ווען א מיטגליעדס א פרויא [ וועלכע
בעלאנגט צום פעראיין ] שטארבט, מוז דער
פעראיין בעזארגען מיט א טויטען וואגען,
צוויי קעררעדזשעס און אללע איבריגע קאכטען

§ 5. ווען דער פערשטארבענער אדער פער־
שטארבענע האבען קיין פאמיליע, זאללען אין
דיא קעררעדזשעס מיטגליעדער פאהרען.

§ 6. ווען א מיטגליעד, וועלכער צוא נאך
אסאסייעטי בעלאנגט, ער אדער זיין פרויא
שטארבט און ווערט דארט בעערדיגט, ברויכט
דער פעראיין בלויז געבען 1 קאר.

§ 7. ווען א מיטגליעד, זיין פרוי אדער קינד
אויסער ניו יארק שטארבט, ברויכט דער פער־
איין בלויז געבען סיטי־עקספענסעס און קאר,



לויט עס איז עבען אנגעצייגט.

§ 8. ווען מען וויים אז דאס פערשטארבענע
קינד פון א מיטגליעד איז אונבעשניטען, קען
דאס זעלבע ניט בעערדיגט ווערען אויף דיא
סעמעטערי פון פעראיין, אויכער ווען עס איז
איבערצייגט, אז זיין אונבעשניטענהייט איז
דורך א געוויסע אורזאכע וועלכע איז נאך דעם
אידישען דין ערלויבט.

§ 9. בייא יעדען טאדעס־פאלל פון א מיט־
גליעד, זיין פרוי ( אויב זיא בעלאנגט צום פער־
איין ) מוזען אללע מיטגליעדער ביי דער לויה
זיין.

§ 10. ווען א מעמבער שטארבט, אונד דיא
אלמנה וויל בעלאנגען אלס א שוועסטער צום
פעראיין, מוז זיא צאהלען פוללע דיוס און אללע
אויפלעגע און זיא איז בערעכטיגט אזוי וויא איין
רעגולער מעמבער.

ארטיקעל 14.

וועגען שבעה.

§ 1. ווען א מיטגליעד שבעה זיטצט, זאלל



דער סעקרעטער צו איהם יעדען טאג א קאמ־
מיטע שיקען, און ווען דיא קאמיטעען בעריכטען
אז ער איז געוועסען שבעה א פוללע וואך, בע־
קומט ער פינף דאללער שבעה געלד.

§ 2. ווען א מיטגליעד אויסער ניו יארק שבעה
זיצט, איז, אויב עס קאסט נור 10 סענט רייזע
פין און צוריק, ברויכט מען איהם אללע טאגע
קאממיטעען שיקען, און ווען ביז 30 סענט פין
אונד צוריק, בלויז צווייא קאמיטעען פיר דער
גאנצער וואך, עקספענסעס אויף דעם פעראיין.

§ 3. דער וואס בעלאנגט נאך קיינע 6 מא־
נאטען אין פעראיין, בעקומט ניט קיין שבעה־
געלד, אבער צו קאמיטעען איז ער בערעכטיגט

§ 4. א מיטגליעד, וועלכער האט בייא דיא
לעצטע איינצאהלונג זיינע שולדען ניט בע־
צאהלט, איז ניט בערעכטיגט צו שבעה געלד.

ארטיקעל 15.

וועגען ענדוימענטס.

§ 1. ווען עס שטארבט א מיטגליעד, וועלכער
בעלאנגט שוין זעקס מאנאטען אין פעראיין.



זאללען זיין פרויא אונד קינדער קריגען אויס־
געצאהלט פון דער פעראיין 100 דאלער, דיעזע
אבענגענאנטע סומע זאלל אויף גיליינט ווערען
א טעקס אויף דיא מיטגליעדער, וועלכע האבען
שוין בעלאנגט צו דער פעראיין אין דער צייט
וואס דער טאדעס־פאלל האט פאסירט, אויף
יעדערין לויט וויא עס קומט אויס נאך דעב
רעכנונג פון דעם צאהל מיטגליעדער וואס בע־
לאנגען צום פעראיין.

§ 2. ווען א פרויא פון א מיטגליעד ( וועלכע
בעלאנגט צום פעראיין ) שטארבט, זאלל איהר
מאן קריגען אויסגעצאהלט פון דער פעראיין
דעם צאהל דאללערס וויפיעל מיטגליעדער עס
האבען בעלאנגט צו דער פעראיין אין צייט ווען
דער טאדעס־פאלל האט פאסירט און יעדער
מיטגליעדער זאלל אויף דעם גיטעקסט ווערען
מיט 1 דאללער.

§ 3. דיעזע צוויי גזעצע, וועלכע זענען גע־
שריעבען אין פאראגראף 1 און 2 פון דעם אר־
טיקעל, זאללען עקזיסטירען אין דער פעראיין

זאלאנג דיא פעראיין וועט צעהלען איהרע ביז 100 מיטגליעדער, אבער ווען דער צאהל פון דיא מיטגליעדער וועט זיין איבער הונדערט, דאן זאללען דיזע געזעטצע געענדערט ווערען לויט דעם בעשלוס פון פעראיין.

§ 4. אום צו קריגען אויסגעצאהלט דעם קאפ־טעקס, מוזען פארמאלנע דאקומענטען פון דעם טויט פון פערזאן צוגעשטעלט ווערען.

§ 5. דער קאפ־טעקס קען ניט אויסגעצאהלט ווערען בעפאר 90 טעג פון דער צייט וואס דער טויט איז בעשטעטיגט.

§ 6. ווען א מיטגליעד שטארבט און זיין פרוי איז אין יוראפ אדער אין אירגענד וועלכע אנדער לאנד אדער שטאדט, ווערט דיא קאפ־ געלד אבגעשיקט צו זיין פרויא.

§ 7. ווען א מיטגליעד שטארבט אונד לאזט ניט קיין פרויא אויך קיינע קינדער, זאלל דער קאפ־ טעקס איבער געבען ווערען צום נאהענטסטען יורש.

§ 8. ווען איין אונפערהייראטהעטער מיט־



גליעד שטארבט און האט דוא קיינע קרובים, זאלל דער קאפ־ טעקס אבגעשיקט ווערען צום נאהענטסטען יורש

§ 9. ווען עס ווערט בעוויזען או דער יעניגער וואס איז בערעכטיגט צוא קריגען דעם קאפ־טעקס האט ערמארדעט אדער פערגיפטעט דיא פערזאן פיר וועלכע דאס געלד ווערט גע־צאהלט, זאלל דער אססעססמענט ניט געצאהלט ווערען.

§ 10. ביי א טאדעספאלל, וועלכע מען צאהלט דעם קאפ־ טעקס, און דער פערשטארבענער ווערט בעערדיגט אויף אונזער סעמעטערי, מוז דער פעראיין פערהאלטען 25 דאללער פון דיא טעקס־ געלד פיר א מצבה אויף דעם קבר פון דעם פערשטארבענעם, דער וואס בעקומט דיא טעקס־ געלד, זאלל דיא 25 דאללער בעקומען ווען ער אדער זיא שטעללען אליין א מצבה אין צייט פון א יאהר.

ארטיקעל 16.

## שטראפען



§ 1. ווען א מיטגליעד בעזוכט קיין מיטינג וועניגסטענס איין מאהל אין 3 מאנאטען, זאלל ער מיט א דאללער בעשטראפט ווערען.

§ 2. ווען א מיטגליעד נעמט אן א קאמיטע און אטענדעט ניט, זאלל ער מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען.

§ 3. ווען א מיטגליעד ווערט בעאויפטראגט פון האספיטעלער אדער סעקרעטער צוא געהען בעזוכען א קראנקען ברודער אדער א שבעה און אטענדעט ניט, זאלל מיט 50 סענט בע־שטראפט ווערען.

§ 4. ווען א מיטגליעד בעקומט נאטיס צוא געהען צו הלוית המת פון א מאן און קומט ניט, זאלל מיט 2 דאללאר בעשטראפט ווערען, אונד אויב דאסזעלבע קומט פאר ביי הלוית המת פון א פרוי, זאלל ער מיט 1 דאללאר בעשטראפט ווערען.

§ 5. ווען א ספעציאל־ מיטינג בערופען איז און אין דיא פאסטאל־ קארדס אדער לעטערס ווערט אנגעציינט א שטראפע פיר ניכט



ערשיינען, מוזען דיא יעניגע וואס קומען ניט, דיא שטראפע בעצאהלען.

§ 6. ווען עס ווערט בעוויזען או א מיטגליעד ניט איבער צו פרעמדע פערזאנען וואס עס איז ביי א מיטינג פערהאנדעלט געווארען, אדער ווען עס ווערט עטוואס וועגען א מיטגליעד אדער א פארגעשלאגענעם קאנדידאט פערהאנדעלט ווען זיי זיינען דערביי ניט דוא, און א מיטגליעד גיט זיי איבער וואס וועגען זייא איז גירעדט אדער פערהאנדעלט געווארען, זאלל אויף 3 מאנאטען דאס ווארט פערליערען.

§ 7. ווען א מיטגליעד ברענגט אריין אונ־פאססענדע פערזאנען אין פעראיין, זאלל ער בעשטראפט ווערען לויט דעם בעשלוסס פון פע־איין.

§ 8. ווען א מיטגליעד בעליידיגט א בע־אמטען עפענטליך ביי א מיטינג, זאלל ער דעם ערשטען מאהל בעשטראפט ווערען מיט 25 סענט דעם צווייטען מאהל מיט 50 סענט, אונד דעם דריטען מאהל מיט 50 סענט און פיר (3) דריי

מאנאטען דאס ווארט פערליערען.

§ 9. ווען א מיטגליעד שטעללט זיך רעדען ביי א מיטינג אהנע דאס ווארט פון פרעזידענט צוא בעטען, אדער ווען דער פרעזידענט רופט איהם צו ארדער און ער פאלגט ניט; אדער ווען א מיטגליעד פערהאלט זיך אונאַנשטענדיג בייא איין אפענעם מיטינג און שטערט דיא רוהע פון דיא אַנוועזענדע, זאלל דעם ערשטען מאַהל מיט 25 סענטס בעשטראפט ווערען; דעם צווייטען מאהל מיט 50 סענט; דעם דריטען מאהל מיט איין א דאללער און דעם פיערטען מאהל מיט איין דאללער און פיר 3 מאנאטען דאס ווארט פער- ליערען.

§ 10. ווען א מיטגליעד רופט דעם צווייטען צו ארדער אהנע דיא ערלויבניס פון פרעזידענט אדער וויים-פרעזידענט, ווערט ער מיט 50 סענט בעשטראפט.

§ 11. ווען א מיטגליעד מאכט א געשלעג אין צייט פון מיטינג, זאלל ער בעשטראפט ווערען לויט דעם בעשלוס פון פעריין, און דיא טראסטיעס



זאללען איהם פון לאקאל פערווייזען.

§ 12. א בעאמטער, וועלכער איז אַבוועזענד ביי 3 מיטינגען איינע נאך דיא אַנדערע, זאלל פון אַמט ארובגעזעצט ווערען, און איין אַנדערער זאלל אויף דעם אמט ערוועהלט ווערען.

§ 13. דיא אַללע עבענערמאַהנטע שטראפען, ווען דיא בעשטראפטע גיבען אַן פאַקטישע בע־ וויזע פיר זייער אונשולד, קענען מיט דער צו־ שטימונג פון דיא מיטגליעדער ענטלאסען ווערען

§ 14. געלד ־ שטראַפען, קענען בלויז בייא א גענעראל ־ מיטינג ענטלאסען ווערען.

§ 15. אללע שטראפירטע קענען אויך בייא א גענעראל ־ מיטינג דורך צווייא ־ דריטעל מאיאריטעט בעגנאַדיגט ווערען, זאגאַר ווען זיי גיבען אַן קיינע פערטהיידיגונג.

ארטיקעל 17.

פערשידענעס.

§ 1 ווען א מיטגליעד פערלייזט פון ניו יארק נאך אייראפא אדער אירגענד וועלכע אַנדער לאנד אדער שטאדט אין דיא יונייטעד סטייטס



און מעלדעט זיך ביים סעקרעטער און צאַהלט איין זיינע שולדען און נעהמט אַרויס איין אב־ רייזונגס ־ קאַרטע, איז אין צייט פון אַ יאהר ווען ער קומט צוריק, קען ער אַריין קומען אין פעראיין אַלס אלטער מיטגליעד, ער מוז בלויז א דאקטאר ־ אטעסט צו שטעללען פיר איהם און זיין פרוי ( אויב פערהייראט. )

§ 2. אין דער צייט וואס דער פער־רייזטער מיטגליעד איז אַבוועזענד, איז ניט ער - ניט זיין פאמיליע, אויב זיי פעררייזען מיט איהם, אדער זייא פערבלייבען היער, -ניט בערעכטיגט צו קיין זאַך, אויסער ביז עס ענדיגט זיך דער קווארטאל אין וועלכען ער האט פעררייזט, האבען זייא אללע רעכטע לויט וויא דיא קאנסטיטוציאן זאַגט פאר.

§ 3. ווען א מיטגליעד ווערט געשטריכען פאר ניט צאהלען דיוס, האט ער צייט 6 מאנאטען צוריק אין פעראיין אריינ ־ צו ־ קומען, ער מוז בעצאהלען דיא דיוס פיר דער גאנצער צייט וואס ער איז ניט אנוועזענד געוועזען, און איין



אונטערזוכונגס ־ קאמיטע זאלל געשיקט ווערען און אויך א דאקטאר ־ אטעסט פיר איהם אדער פיר איהם און זיין פרוי ( אויב פערהייראטה) מוז צוגעשטעלט ווערען, דאן ווערט ער אנערקענט אלס אלטער מיטגליעד

§ 4. א מיטגליעד וועלכער בעלאנגט שוין 10 יאהר אין פעראיין און קען זיינע שולדען ניכט צאהלען, זאלל א קאמיטע געשיקט ווערען, און אויב זיי געפינען אויס, אז דער מיטגליעד איז ארעם און קען זיינע שולדען ניט צאהלען, זאלל ער ענטלאססען ווערען פון צאהלונג, ביז זיין שטאנד וועט זיך פערבעסערען.

§ 5. ווען א מיטגליעד בעגעהט א קרימינאלעס פערברעכען און ווערט צו געפענגניס־שטראפע פעראורטהיילט, איז: אויב דיא מאיאריטעט זיינען אין זיין שולד איבערציינגט, האט דער פעראיין דאס רעכט איהם צו שטרייכען.

§ 6. ווען א מיטגליעד בייט זיין גלויבען אדער הייראטעט א פרויא וועלכע בעלאנגט ניט צום אידישען גלויבען, אונד זא אויך, דער וואס

בעשניידעט ניט זיינע קינדער נאך דעם אידישען דין, זאלל פון פעראיין געשטריכען ווערען.

§ 7. ווען עס געפינט זיך אויס, אז א מיטגליעד בעשעפטיגט זיך מיט אונמאראלישע ביזנעס, זאלל ער פון פעראיין געשטריכען ווערען

§ 8. ווען עס איז בייא א מיטינג געפאסט געווארען א בעשלוס, וועלכער געפינט זיך ניט אין דיעזען קאנסטיטוציאן, עס איז אבער אויך ניט דאגעגען דיא קאנסטיטוציאן, דאן אויב עס געפינען זיך געגנער, קענען 10 גוטשטעהענדע מיטגליעדער אריינ־ברענגען א שריפטליכען פראטעסט בייא דעם נעקסטען מיטינג, אונד אויב צווייא דריטעל מאיאריטעט נעהמען דעם פראטעסט אן, איז דער בעשלוס פערוויזען.

§ 9. העבערען צאהלונג וויא פארשלאגס־געלד, איינטריטס־געלד, דיוס, קען מען נור בייא א גענעראל אדער ספעציאל מיטינג.

§ 10. טעקסען מיטגליעדער, קען מען אויך נור בייא א גענעראל אדער ספעציאל־מיטינג.

§ 11. אללעס וואס עס ווערט געפאסט ביי



א רעגולען, גענעראל און ספעציאל־מיטינג, האט דיזעלבע קראפט וויא דיא קאנסטיטוציאן, אויב דיא אבגעשטימטע זאך איז ניט געגען דיא קאנסטיטוציאן.

§ 12. אללע קאממיטעען פון געלד אנגעלעגענהייטען, זאללען דורך דעם טרעזשורער און טראסטיעס אטענדעט ווערען.

§ 13. יעדען ענדע קווארטאל זאלל א פינאנס קאממיטעע פון פרעזידענט ערוועהלט ווערען, וועלכע זאללען נאכזעהען דיא ביכער ביים פינאנס־סעקרעטער, אום צום נעקסטען מיטינג א רעפארט אריינברענגען.

§ 14. אללע 6 מאנאטען זאלל א רעוויזיאנס קאמיטע געשיקט ווערען וועלכע זאלל נאכזעהען דיא ביכער און אריינברענגען אפוללען בעריכט, ווי־פיעל מעמבערס עס זיינען אין די 6 מאנאטען געשטריכען געווארען און ווי־פיעל עס זיינען אריינגעקומען; ווי־פיעל איינגאהמע און אויסגאבע איז געוועזען אין דער גאנצער צייט אין אלגעמיין און ווי־פיעל עס איז אריינגעקומען



אין פעראיין פון יעדען מיטגליעד בעזונדער און אללע איינצעלהייטען פון פינאנס אנגעלעגענהייטען.

§ 15. ווען דיא מיטגליעדער וועלען געפינען אז א טהייל פון דיא קאנסטיטוציאן דארף געענדערט ווערען אדער מען ברויכט איינינע פונקטען צוגעבען אדער אויסשליסען, זאלל עס בייא א ספעציאל מיטינג פערהאנדעלט ווערען און אויב צווייא דריטעל פון דיא אנוועזענדע זענען דאפיר, קען עס געענדערט ווערען.

ארטיקעל 18.

פארלאמענטארישע רעגעלען.

§ 1. יעדער מיטגליעד האט דאס רעכט צוא מאכען פארשלעגע אונד אונטערשטיצען פארשלעגע פון אנדערע מיטגלידער.

§ 2. קיין פארשלאג קען ניט פארגענאמען ווערען צו פערהאנדלען ווען ער ווערט ניט בעפאר אונטערשטיטצט פון א צווייטען מיטמיטגליעד.

§ 3 ווען דער פרעזידענט לעגט פאר איין



פארשלאג, האט יעדער מיטגליעד דאס רעכט צו דעבאטירען אין דער פראגע בלויז איין מאל

§ 4. ווען א מיטגליעד פערשטעהט ניט דעם פארשלאג, מוז איהם דער פרעזידענט נאך א מאהל ערקלעהרען.

§ 5. ווען א פארשלאג פאלט דורך, קען מען דעם זעלבען פארשלאג ביי דעם זעלבען מיטינג ניט ווידער פארברייננען.

§ 6. ווען איין אמענדעמענט צו א פארשלאג געמאכט איז, מוז דער אמענדעמענט בעפאר דעם פארשלאג פארגענאמען ווערען, און ווען דער אמענדעמענט פאלט דורך, דאן קומט דער פארשלאג.

§ 7. ווען איין אמענדעמענט צום אמענדעמענט געמאכט איז, מוז דער צווייטער בעפאר דעם ערשטען פארגענומען ווערען.

§ 8. ווען בירע אמענדעמענטס פאללען דורך, דאן קומט דער פארשלאג.

§ 9. ווען מען שטימט פיר א פארשלאג אדער אמענדעמענט און דאפיר און דאגעגען זיינען

גלייכע שטימען, קען דער פרעזידענט ענטשיידען

§ 10. ווען מען ברויכט בעשטימען א סומע אדער צייט, מוז דיא פראגע איבער דיא ערשטע סומע אדער לענגערע צייט, צוערשט פאר־געלעגט ווערען.

§ 11. איין רעדנער מוז אויפהערען צורעדען ווען דער פרעזידענט רופט איהם צו ארדער.

§ 12. דער פרעזידענט קען אויפ־פאדערן יעדען רעדנער, ער זאלל נור רעדען וועגען דעם געגענשטאנד, וועגען וועלכען עס ווערט פער־האנדעלט

§ 13. ווען א מיטגליעד דענקט, אז דער רעדנער איז אויסער ארדער, קען ער איהם דורך דעם פרעזידענט צו ארדער רופען און ערלויבען דעם צווייטען רעדען, ווען אבער דער פרעזידענט אנערקענט אז דער ערשטער האט רעכט, זאלל ער איהם ווידער דאס ווארט געבען.



## בעאמטע:

קלמן ר ו ח א מ י ס, עקס-פרעז.

מעקס ט א פ י ל, פרעזידענט

מעקס שאצקי, וויס פרעז.

בעני ר ו ח א מ י ס, טרעזשור

בן ציון ל ע ב ט, סעקרעטער

## טראסטיעס:

שמואל ר א פ מ א ן

אברהם יצחק ק א ס א ו ו ס ק י

משה ז א ר ע צ ק י

## קאנסטיטושאן קאמיטע.

מעקס ט א פ י ל

אלי׳ א ט י נ ז א ה ן

קלמן ר ו ח א מ י ס

נחמיא ש א פ י ר א

אליקם ק א נ ט ע ר

יעקב ע פ י ל ב ו י ם

לייבעל ב ר י ש ע

בעני ש א פ י ר א

מעקס ש א צ ק י

בעני ר ו ח א מ י ס

אברהם יצחק ק א ס א ו ו ס ק י

בנימין פ ע ר י ל ש ט י י ן

יצחק י א נ א ו ו י ץ

שכנה מ א ס ק א ו ו י ץ

אהרן ש ו ו א ר ץ

## מעמבערס.

| | |
|---|---|
| אטענזאהן אלי׳ | אטענזאהן פריינק |
| אטענזאהן הײמע | אטענזאהן אייבי |
| אפילבוים יעקב | אפילבוים בײריל |
| אפילבוים יוסף | אפילבוים לאואי |
| ארלאווסקי דזשייקאב | אנאלניק הערריי |
| בוכהאלטער אברהם הירש | בוכהאלטער חיים |
| בוכהאלטער אלי׳ | בוכהאלטער סעם |
| בוכהאלטער בעני | בוכהאלטער דזשעני |
| בייזער משה לייב | בייזער חיים |
| בייזער אייבי | בייזער אייבי (2) |
| בייזער מאיר לייב | בייזער לייביל |
| בייזער דוד | בייזער פישעל |
| בייזער יצחק שלמה | בערײשע לייביל |
| בארענשטיין יודהעל | בארענשטיין סעם |
| באקשטיין יודהעל | באקלער לואיס |
| בארזאווסקי בעני | גארין סאל |

| | |
|---|---|
| וואַרשאַווסקי סטירקע | וואַרשאַווסקי יוסף |
| זאַרעצקי שמואל | זאַרעצקי משה |
| זאַרעצקי דוד | זשייקאָבזאָן בעני |

זאַלצמאַן ישראל

| | |
|---|---|
| חוואַט הערדי | טאַפיל מעקס |
| יאַנאָוויץ שלום | יאַנאָוויץ נייטען |
| יאַנאָוויץ מאיר | יאַנאָוויץ הערדי |

יאַנאָוויץ יצחק

| | |
|---|---|
| לאַנגער סעם | לעווין מעקס |
| ליוויי אייק | לעכט בן ציון |
| לעכט יודהיל | לעכט חיים |
| לאַנגפורד הערדי | לאַנגפורד מאריס |
| מאַסקאַוויץ שכנה | מאַסקאַוויץ דוד |
| מאיראַוויץ חאַנקע | מילער אברהם |
| מילער לואיס | מילער פיליפ |
| סאַנקין מעקס | סאַסמאַן היימען |

סאַסלאַק ושאלים

| | |
|---|---|
| עפשטיין חיים הירש | עפשטיין אַלטער |
| עפשטיין הערי | עפשטיין אפרים |

עפּילגראַד מאַלי

| | |
|---|---|
| פּערילשטיין בנימין | פּאַמעראַנץ ישראל חיים |
| פּאַמעראַנץ יוסף | פּאַמעראַנץ מעקס |
| פּולוּוער רובין | פריעדמאַן שלום |
| פינקעל יודהעל | פינקעל מאיר |
| פינקעל מעקס | פינקעל טשאַרליס |

פינקעל אייבי

| | |
|---|---|
| קאַפּלאַן אברהם הירש | קאַפּלאַן נייטען |
| קאַפּלאַן זלמן | קאַנטער יוסף |
| קאַנטער מאַררים | קאַנטער אליקם |
| קאַנטער דזשייקאָב | קאַנטער יושוע |
| קאַנטער גבריאל | קאַנטער טשאַרליס |
| קאַנטער מאַררים (2) | קאַסאַווסקי אברהם יצחק |
| קאַזנעץ יצחק | קאַלעדיצקע אַלטער |
| קאַרענעצקי שמואל יוסף | קאַרענעצקי מאַריס |
| קרוגער ישראל | קאָברין יצחק |

קאָברין שמואל

| | |
|---|---|
| רוחאַמים קלמן | רוחאַמים צמח |
| ראַסם בעני | ראַסם סעם |
| ראַסם סאַל | ראַפמאַן שמואל |
| ראַפמאַן יעקב חיים | ראַפמאַן שמעון יוסף |
| ראַפמאַן לייביל | ראַזענקראַנץ פיליפ |
| ראַבינאַוויץ יחזקאל | רוזשאַנסקי רבקה |
| ראַטמאַן סעם | רופינשטיין שמואל |
| שאַצקע דוד | שאַצקע יצחק |
| שאַצקע חיים | שאַצקע מעקס |
| שאַצקע יונה | שאַצקע יונה [2] |
| שאַפּירא נחמיה | שאַפּירא בעני |
| שניידערמאַן משה וואָוויל | שניידערמאַן חיים |
| שניידערמאַן אברהם | שניידער דוד |
| שוואַרין אהרן | שאַמסקי גבריאל |